# אינהאלט:

## אַמעריקאַ

אַמעריקאַ! מיין וויג איז ניט געשטאַנען דאָ,
און באַגראָבען ליגט מיין טאַטע ערגעץ וויים;
דאָך האָט מיין שוויים צו דיר מיך צוגעבונדען
מיט דער שווערער קייט פון אייביגקייט.
איך פיהל די פיס זיי טרעטען,
טרעטען ניט אויף פרעמדעס:
דאָ אַ שטיין געהויבען,
דאָ אַ בוים געפלאַנצט.
און די נאָדעל־דערנער מיט די הענט געריסען —
צי וואָלט אַזוי אַ פרעמדער
זיין בלוט אויף זיי פארגיסען?
און אויף די זומפען דיינע האָב איך שטעדט דיר אויפגעבויט,
העכער, העכער, העכער דיינע הייזער אויפגעהויבען,
דיין העמד ווי אויך דיין סייבעל אויפגענייהט,
און דיין האַנדעל אויף דער וועלט פארשפרייט,
און די טרוימען פון'ם מזרח האָב איך דיר געבראכט —
מיט'ן פייער פון מיין האַרצען אַ מתנה דיר געשענקט.

## אונזערע לאַנקעס

רייך און ברייט זענען אונזערע לאַנקעס.
זעה ווי זעטיג איז די סטאַדע אויפ׳ן גרינעם גראָז!
און ווי פול דער טרויב און ווי רויט!
זעה ווי שעהן דער ווייך־צווייג האָט צושפּרייט
טונקעל־בלויע און קופּער־רויטע בלעטער!
וואו אַ פוס האָט נאָר געטראָטען,
וואו אַ האַנט האָט זיך געמיהט,
האָט גאָט׳ס שפע אויסגעוואַקסען
און זיין ברכה אויפגעבליהט.
זעה די קירבעס! פול און אַנגעקוואָלען
רייפען אויפ׳ן זון!
און ווי שעהן עס וויקעלט זיך אין דער ווייט
דער גרינער קרויט!
און דער קאָרן, ביי דער זייט —
העי, העי, ווי הויך ער איז צואוואַקסען!
נאָר פאַרוואָס, אָה, גאָט, מיין גאָט,
קומט אָן דאָס ברויט אונז אַזוי שווער?

# מיין לאַנד

אויף דיינע פעלדער ליגט די קערנער פון מיין האָפען;
און מיט דיר צוזאַמען,
אין דער לענג און אין דער ברייט,
אויף ווייטע וואַסערן און ים'ען,
ליגט מיין צוקונפט אויסגעשפּרייט.
דיינע נאָדעל-בוימער וועלען מאַסטען זיין אויף שיפען,
מאַסטען, מאַסטען, מאַסטען —
דיינע בלייכע לייוועגט וועלען זעגלען ווערען
זעגלען אויף די מאַסטען,
וועט זיך איבער ווייטע ים'ען הערען דיינע שיף-סיגנאַלען,
וועלען שיפען דאַמפען, ציהען פון אלע זייטען דיר אַנטקעגען,
מיט זאַלץ און ווינט אין רויע זעגלען,
קומען פון די ווייטע וועגען,
קומען פון די ווייטע וועגען,
ברענגען רייכקייט צו די ברעגען.

## אויף דיינע פעלדער

אויף דיינע פעלדער ליגט מיין צער צושפרייט,
מיין פרייד, מיין האָפען און די קערנער, וואָס איך האָב
פארזייהט,

נאָר פאַר דעם, וואָס האָט פארזייהט,
פאַר דעם געהט אויף אַמאָל די בייט אין העלען פרייד.
ווי פאר מיר ערוואַכט דיין גריקע־פעלד אין ווייסען בלום.
אָדער ווי די הירשען דיינע קלעטערן אויף די בערג אַרום,
אָדער ווי דער „האָוק" דער ווילדער
שיסט צו דר'ערד ווי אַ שטיין אַראָפּ;
וואו די שיסקעס דיינע רויטלען,
בליהען אויפ'ן ווילדען קראָפּ.

# איך האָב די ווענט

איך האָב די ווענט פון שטיין און ציגעל דורכגעבראָכען,
ריזען־שטאַרק און מעכטיגער פון מיר.
געקומען בין איך דאָ צו דיר,
אויף דיינע שטיינער שטעלען מיין געצעלט.
און איך ליג דאָ אויף דער הוילער ערד,
פיהל די פרייהייט פון דער גאַנצער וועלט.
און דאָ, אין הייסער זון,
בין איך אויף דיין באַרג, ווי אַ ווילדע ציג, ארויפגעקראָכען —
און פיהל אַזאַ צופרידענהייט דערפון.

# שטעהט די פרישע לאַנדיש

שטעהט די פרישע לאַנדיש אין ווייסען אָנגעטאָן,
זעטיגט פול מיין אויג זיך אָן.
ווינקט די געלע סוזאן מיט איהר שווארצען אויג,
ריר איך מיט'ן האַנט זי אָן :
טוט זי זיך אַ נויג.
לאַך איך אויפ'ן קול.
הער איך ווי די פויגעל זינגען, פליעטשען,
פּראלען זייער שפּראך —
ליב איך ניט קיין רייד אַ סך...

מיך האָט אַ גוטער מלאך אויסגעלערנט
שעהנע שלעסער אין דער לופט צו בויען,
קאָן איך מיינע רייכקייטען באַהאַלטען,
דאַרף איך זיי פאַר קיינעם ניט פאַרטרויען.

## גײ איך איבער װילדע בייטן

גײ איך איבער װילדע בײטן,
הער איך אויפ׳ן פעלד װי פלײטן
שפּילנדיק דעם װינט.
קום איך צו אַ טײך, אַ טומטן, —
קלײנע שטײנדעלאַך אין זאַמד.
טראַכט איך:
װי דער טײך װעל איך פאַרטריקנט װערן.
האָב איך זיך פאַרקוקט
אויף בלויע קװײטעלאַך אין קאָרן —
איז מיר אַזױ אומעטיק געװאָרן.

## מיין הונד „דריפּ"

היינט האָט זיך מיין דריפּ פאַר'סמ'ט.
ברענט דאָס הייסע בלוט אין מיר,
ווי דער ווילדער מאָן צעפלאַמט —
היינט האָט זיך מיין דריפּ פאַר'סמ'ט.
פוילען זאָל אין דר'ערד דער אַקער
מיט'ן יאָך, דעם שווערען,
און פאַרברענט זאָל ער ווערען,
ווי עס ברענט מיין בלוט אין מיר,
ווי עס פוילט מיין האַרץ דערפון —
היינט האָט זיך מיין דריפּ פאַר'סמ'ט.

## מיין פרייד

ווען דארף איך דאנקען היינט
פאר מיין שטילע, ווייסע פרייד?
שטעהט אין פריהלינג-פעלד מיין פרייד
אין איהר רייכסטער פריהלינג-קלייד.
העי, איהר ווינטען אויף די פעלדער,
זאגט עס נאר אין שטאדט ניט אן:
ס'וועלען סוחרים'לאך אנלויפען
אין גאלד און זיידען אנגעטאן,
וועלען נאך מיין קאפ פארטומלען,
פאררעדען מיט די גלאטע רייד,
און דערוויילע זעק אנפילען —
אויסנארען פון מיר מיין פרייד.

## ביים אַקער

האַ, האַ, געקומען איז שוין ווער אַהער,
צו מיר אַהער:
צי איז מיין פערד היינט פויל?
צי איז דער אַקער שווער?
האַ, האַ, געקומען איז שוין ווער אַהער,
צו מיר אַהער.
נו גוט, נו גוט! זאָל זיין אַזוי.
דער אַקער שווער, דאָס פערד איז מיד
און אין דעם הייסען בלוט ביי מיר
רעגט זיך שוין מיין ווילדע ליד,
צייטיגט ווי אַ זאַנג אין זון.

## דיין האַנט איז אַזוי קלאָר

דיין האַנט איז אַזוי קלאָר,
ווי דער לאַנדיש ווייך און ציטריג.
צעלאָז די לאַנגע האָר
און בלייב דאָ שטעהן.
זיי אין פעלד מיין רויז,
מיין מאָן-בלום,
צי — וואָס דו ווילסט אַליין.
אָדער וואַרף אַראָפּ דיין לייכטע קלייד,
כאַפּ ביים ווינט די פליט
און שפּיל פאַר מיר,
טאַנץ פאַר מיר —
איך פיהל דאַך אַזוי אומעטיג דאָ היינט.

# ריחות

איך האָב זיך אויף די פעלדער אומגעטריבען,
פון אַלע בלומען גאָר די ריחות אויפגעקליבען.
בין איך ווי אַ ריח גרינג.
קאָן איך אויך אַ פויגעל ווערען —
זאָל זיך אין מיין זיגען הערען :
בלומען־דופט.

## קומען פויגעלאך אויף די פעלדער

קומען פויגעלאך אויף די פעלדער,
קלייבען ווערים, זינגען לידער.
קלייב איך מיינע שטיינער דאָרטען,
בלייב איך אויף אַ שטיין אַ מידער.
העי, איהר פויגעל, פרייע פויגעל !
זינגט פאַר מיר שוין אויך אַ ליד : —
מיינע ליפען זענען טרוקען,
איך בין איצט פון אַרבייט מיד.

##ביים טייך

גיסט די זון פון הימעל איהרע שטראַהלען.
שעפּט דער שטילער טייך דאָס גאַנצע פרייד אריין.
קריכען צאַרטע שפּיזעלאַך אין וואַסער
מיט בלויען דינע, ציטריגען שיין.
רודערט אין דער ווייט אַ קליינער שיפעל,
מיט'ן נאָז אין וואַסער שניידענדיג אַ וועג;
טראָגט זיך איבער טיפקייטען פון אויבען,
ווי אַ קליינער ענטעל, שווימענדיג צום ברעג.
מיין נאָמען איז אין ערגעץ ניט פאַרשריבען —
בין איך ווידער פויגעל-פריי!
הפקר איז מיין גאַנצער לעבען,
אָהן אַ תכלית סיי-ווי-סיי.
קאָן איך ביי דעם ברעג דאָ ליגען,
קוקען ווי די וועלען וויגען,
הערען ווי דער וואַסער פּלאַפּעלט
און ווי דער קליינער טשיזיק זינגט.

## ביים קוואַל

געה איך אום אין טיפען וואַלד,
טרעף איך אָן אַ קוואַל —
בלייב איך שטעהן.
קוק איך אויפ׳ן קוואַל,
ווי ער קוואַלט פון אונטער׳ן שטיין!
הויבט אָן מיין האַרץ אין מיר צו וויינען:
כ׳האָב דאָך אויך אַזוי פיל רייד,
דאַרען זיי, ווי גראָז אָהן רעגען,
ברענגען קיינעם ניט קיין פרייד.

## אין רעגען

פאַלט אַ רעגען פונ'ם הימעל,
גרינט מיין קאָרן, קרויט און טרויבען,
שלאָגט ער אָן די הוילע דעכער,
באָדען זיך אין איהם די טויבען.
העי, איהר טויבען, מיינע טויבען,
אויפ'ן רויטען דאַך, דעם נאַסען!
ס'וועלען דאָך מיט אייך די פעלדער
אין מיין האַרץ אויך אויסגעוואַשען.

## פאַרגאַנגען איז די זון

פאַרגאַנגען איז די זון :
בלוטיג-רויטע פלעקען
אויסגעשפּרייט אין ווייט —
אַזוי פאַרגעהט אַמאָל אַ צער
שטילערהייט,
אַזוי וואַכט אויף אַמאָל אַ פרייד
אין טיפען הארץ.

## נאָכ׳ן פערד

נאָכ׳ן פערד איך גער אין זיינע טריט.
דער טאָג איז היים.
גער איך שווער און איינגעמיהט.
שוועבט אַ לייכטער וואָלקענדעל אין הימעל.
קיהלט אַ צאַרטער ווינטעל גלעטענדיג מיין קאָפּ.
קייקלען זיך די טראָפּענס שוויים פון שטערען,
פאַלען אין דער לויזער ערד אַראָפּ.

## מיין פּנים איז פון זון צוברענט

מיין פּנים איז פון זון צוברענט.
פון שווערע מיה, אויף מיינע הענט
בלויע אָדערען צושטעלט.
העי, מיין וועלט, מיין שווערע וועלט!
פאַר וועמען אַרבייט איך, פאַר וועמען?
אַך, דער טייפעל זאָל עס נעמען! —
פאַר וועמען אַרבייט איך, פאַר וועמען?

# אין אבענד

אויסגעהילט האָט זיך דער אָטעם פון דער זון.
מיט איהר לעצטען אָטעם איז דער טאָג פאַרגאַנגען,
אויסגעשפּרייט אַ פרישקייט איבעראל:
אויף ערד, אויף בוים, אויף גראָז און זאַנגען.
אָנגעגאָסען האָט זיך פול דער טאָל,
מיט דינעם, צאַרטען, נעבעלדיגען שלייער;
אויפגעגאַנגען ווי אַ לויזער טיול
מיט עפּעס אַ מין דורכזיכטיגען טרויער
און לאַנגזאַם אויסגעשפּרייט אַ ווייס
און גרוי.

האָט די מידע ערד ערוואַכט:
אָפּגעפּרישט אין קיהלען טוי
יעדער גראָז און בלאַט און בלום.
פאַרשמעקט האָט זיס ארום
דער פרישער היי.
און אויפ׳ן הימעל, דאָ און דאָרטען,
האָבען זיך געצונדען שטערען.
פון לייכטע בליצען פלעגען ווערען
ווײַלע־ווייז באַלויכטען זיינע ברעגען.
פלעגען צינדען און פאַרשווינדען
בלענדענדיג די שטיינער אויף די וועגען.
און באַלד איז קיהלער, טונקעלער געוואָרען,
עפּעס האָט פאַרטרוימט די נאַכט אין דרויסען;
און פון ווייטען טייך דאָס שטילע לעבען רעדט,
ווי אַ האַרציג געבעט
פון ליפּען חן׳עוודיג און זיס,
גיסט זיך ווייך און פריש דאָס רוישען
איבער באַרג און איבער טאָל.
נאָר מיט אַמאָל פאַרוואָיעט האָט אַ הונט,
און ערגעץ האָט אַ פייער אויפגעוואַכט;
ביי דעם פייער זענען שטיל געזעסען
מענשען, ווי די שאָטענס אין דער נאַכט.

# יאגד

געה איך ביקס אין האַנט געאַרעמט.
איז אַ רויט־האַלז אַנגעלאָפּען.
האָב איך אויסגעשאָסען:
ניט געטראָפען,
ניט געטראָפען —
איז ער ערגעץ־וואו אנטלאָפען.
האָט עס מיך אַזוי פאַרדראָסען:
וואָס אַנטלויפט דער רויט־האַלז, וואָס?
האָב איך נאָך אַ מאָל געשאָסען —
ניט צו שטילען מיין פארדראָס —
נאָר סתם אַזוי, פון גרויסקייט וועגען
אויסגעשאָסען.

## II

לער איז ביי מיין זייט דער יאַגד־טאַש,
אויך דער וואַסער־פלאַש.
כ'האָב, אין שווערען גאַנג, שוין אויסגעטרונקען
גאַר דאָס וואַסער.
שלעפּ איך זיך אַ מידער דורכ'ן וואַלד:
איבער שטיינער, דאַרע צווייגען, בלעטער,
מאָך און איינגעפאַלענע בוימער.
זינקען מיינע פיס אין פייכקייט,
פילט דערפון זיך ווי אַ לייכטקייט אין די טריט;
ווערט דאָס געמיט אויך אָנגעצויגענער און שטייף.
ליגט דער ביקס אין האַנט אויך שטייף
איינגעקלעמט און איינגעשלאָסען,
מיט די פינגער אויפגעגאָסען.
ציהט זיך יעדע רגע ווי אַ שעה.
באַלד דערהערט האָט זיך אַ פייף —
איך שטעל זיך אָפּ:
כ'זוך און דרעה ארום מיין קאָפּ
אַהער, אַהין אין וואַלד.
אימגעריכט ערשיינט האָט באלד
אַ הירש, וואָס האָט מיט זיינע אויגען מיך געשטאַרט;
שיסענדיג די בליקען גלייך אין מיר
האָט ער מיך צו מאַכטלאָזיגקייט געבראַכט.

װען פֿון זײַן צױבער האָב איך זיך באַפֿרײַט,
האָב איך צום מאָל שױן שיסען ניט געקאָנט:
געלעגען איז דער רײפֿעל בײַ מײַן זײַט,
אַראָפּגעהאָנגען זענען מײַנע הענט.
און געהענדיג צוריק אַהײם פֿון פֿאַנג
האָב איך, אײן גאַנג, געזעהן נאָר
זײַנע אױגען. — — — —
מיד בין איך דערקראָכען צו מײַן הױז,
װאו אַ שװאַרצע קאַץ איז דורכגעפֿלױגען.

# אין וועג

## I.

ציגדען זיך שטערען אין הימעל,
הערט זיך פון ווייטען אַ קלאַנג,
און ערגעץ אַ שטאָדטיגע חברה
באַגלייטען די טריט מיט געזאַנג.

טראָגען זיך לוסטיגע קלאַנגען
באַגלייט פון אַ בלאַסליכען שיין,
קריכען אריבער די בערגער
און דרינגען אין האַרצען אריין.

און ווייט ביי דעם אָפענעם פענסטער
פון קליינער און איינזאַמער הייס
פּיפּקעט אַן אַלטער זיין ליולקע,
אַ פּייערעל רויכערט זיך קוים.

און מילד ביי דעם אַלטען די אויגען,
זיי שליסען אין וויג־שטול זיך צו,
און שטיל אויף זיין פּנים צוגיסט זיך
אַ זיסע, צופרידענע רוה.

## II.

עס הויכט אוים די זון איהרע שטראהלען
און שטאַרבט אויפ'ן הימלישען ברעג ;
עס הינקט אויף זיין קוליע און שטעקען
אַן איינזאַמער בעטלער אין וועג.

און ווערט ער פארמאַטערט, געפינט ער
ביים וועג וואו אַן איינזאַמען שטיין.
ער זעצט זיך פאַמעלעך אַנידער,
און זיפצט דורך די שיטערע ציין.

III.

טוליעט דער וועג זיך, דער איינזאמער,
טוליעט זיך צו זיך אליין;
האָט ניט קיין פּוצונגען אנדערע,
סיידען די פּיצעלעך שטיין.

האָט ניט קיין בלימעלאך קליינינקע,
וואנדערער זעהען זיך ניט.
געהט דורך אַ בעטלער, אַן איינזאמער,
בלייבען אין זאמד זיינע טריט.

IV.

היי און תבואה, היי און תבואה,
היי און תבואה אומעטום ;
שניידט דער וועג זיך שטיל וואו איבער,
און בעהאַלט זיך אין דער קרום.

היי און תבואה, היי און תבואה
אין דער לענג און אין דער ברייט.
געלער זאַמד און ווייסע שטיינער
ליגען אויפ'ן וועג צושפּרייט.

היי און תבואה, היי און תבואה,
וואו אַליין אַן אַלטער דוב —
שפּאַרט זיך אָן אָן אַ רויטען דעכעל
און באַוואַכט אַ ווייסע שטוב.

V.

עס הערט זיך אַ זינגען און שפּילען,
מען זעהט ניט די זינגער און כאָר.
באַהאַלטען צווישען די בוימער
עס הערען די קלאַנגען זיך נאָר.

טראָגען זיך שטימען פון מענער,
פון פרויען, גיטאַרע און פלייט,
און ערגעץ דאָס זינגען און שפּילען
אַ הונד אין דער ווייטען באגלייט.

## VI.

א ריינער הויף. זיין צאַם אַרום
ווערט פון בוימער שטיל געהיט,
אין קליינעם הויף אַן אַלטער שטאַל
און אַ ברונים אין דער מיט.

אַ שווערע באַנק ביים קרומען וועג,
שפּאַרט זיך אָן אַן אַלטען דוב,
אַ קליינטשיג פענסטעריל צום גאַס
קוקט ארוים פון קליינעם שטוב.

אַ פויער זיצט די ברוסט ענטבלויזט,
די האָר צושויבערט אויף זיין קאָפּ,
די שווערע הענט אין גראָבען העמד
הענגען פון דער באַנק אַראָפּ.

אַ צווייטער שטעהט גאָר שטאַרק פאַטראַכט,
אָנגעשפּאַרט די קאָפּ אָן וואַנט.
אַ פּוס פאַרבויגען אין דער קרים
מיט אַ שטעקען אין דער האַנט.

קומט אַ דורכגעהער פון ווייטען,
קוקען ביידע בייז זיך אום.
פרעגען עטוואָס מיט די אויגען,
בלייבען שוויגענדיג און שטום.

# דעצעמבער

ווי דורך אַ גרויסע זיפּ עס שפּראַצט אַרויס
אין קאַלטען פעלד דער ווינטערדיגער קאָרן,
און דורך דעם הוילען אָסיענדיגען וואַלד
רויטעלט זיך אין קאַלטער זון — אַ דאָרן.
צום היהנער־שטייגעל גנב׳עט זיך אַ פוקס,
קריכענדיג, ווי אַ גנב אַ געניטער,
און דער מאַטיל־וואָרים אין זיין שלאָף פאַרוועבט,
וויגט זיך אויף אַ בוים מיט הוילע רימער.
פון ערגעץ קריכט אַרויס די קאַלטע שלאַנג
און פויזעט איבער בלעטער־פולע וועגען.
צוגראַבען טאָרטשעט הויל דאָס וויסטע פעלד
און וועהט מיט קאַלטקייט דיר אַנטקעגען.
פון ווייטען קוקט אַרויס דער הויכער באַרג,
גרויט זיך מיט אַ דאָרן אַ צודרעהטען,
און אויף זיין הויכען שפּיץ דער הוילער שטיין:
ווי דער ביינער־שאַרבען פון אַ טויטען.

# אַ הויל אַסיענפעלד

אַ הויל אַסיענפעלד.
דער ווינטער־קאָרן,
געל און איינגעפרוירען,
איז שטעהן געבליבען גליווערען אין קעלט.
שפּילט דער ווינט זיין פלייט מיט פּייפערייי.
וואו ניט וואו אַ בלאַט, אַ דאַרער
טראָגט זיך קוליענדיג אין לופט,
אַט פאַלט זי צו דער ערד אַראָפּ
און דרעהט זיך פון דאָס ניי.
ווייזט זיך דאָ און דאָרט: אַ הוילער בוים,
אַ דאַרע צווייג, אַ פויגעל־נעסט,
אַ מאַטיל־וואָרים איינגעזעסען,
און אַ בלעטעלע, פאַרגעסען
אויף אַ קוסט אין שפּין־געוועב.

## הערבסט

הענגען די נאַסע הימלען געבויגענע,
אין גרויקייט באַצויגען, מיט שימעל באַדעקט.
טראָגען זיך רויכען און וואָלקען צוריסענע
אין בלייענער שווערקייט מיט טינט איינגעפלעקט.

ווייזען זיך ערטערווייז פלעקען וואו ליכטיגע,
לעשען די בלייענע וואָלקען זיי אוים.
שטאַרען די נאַקעטע שטיינער פארלאָזענע,
פון די צוגראָבענע פעלדער ארוים.

און ווייט וואו אַריבער'ן טאָל האָט פאַרצויגען
אַ גרויליכער נעבעל וואָס שטייגט ווי אַ רויך;
און האָט זיך אין דינקייט צושפרייט און צוטראָגען,
אַריבער'ן טאָל און דעם באַרג אין דער הויך.

און דאָ, ביים דעם הייזעל, דער וויין־צווייג אַ גוסס׳ער,
ברוין־געלע בלעטער, און קופּערדיג רויט;
שיטען זיך שאַרשקענדיג, פאַלענדיג קופּעדיג,
ציהען זיך אַדערען איבער׳ן פּליט.

און שטיל אין דעם הייזעל, ביים אָפענעם פייער
שוויייגענדיג זיצען די אַלטע ביינאַנד.
מאַכט זי אַ זאָק מיט די פרענטען ביים פייער,
און קוקענדיג האַלט ער דעם חומש אין האַנד.

און שאַ... אויפ׳ן בלאָטיגען וועג און פאַרנעצטען,
אין ווייטען נאָר קוואַטשען וואו אימיצענס טריט.
און ערגעץ אַ פייף פון אַ הירש אויף די בערגער,
רופט פון דער ווייטענס אַ הירשין דערמיט.

## ביים פעלז

מיט וואונדער קוק איך אויף דער שטומער קראפט,
וואָס ליגט אין שטיין פארבאָרגען.
מעסט זיין הויך מיט מיינע אויגען,
געה אָרום זיין רונדקייט, צעהלענדיג די טריט,
גלעט זיין רויער הארטקייט מיט'ן האַנט,
פיהל אַ נאָהנטקייט, ווי צו אַ ברודער,
און ווי אַ ברודער שפרייט איך מיינע אָרעמס
אָרום איהם.

אָנגעשפארט אָן איהם מיין קאָפּ,
ווי אַ קליין קינד אָן מוטער'ס בוזים,
זיך צוגעטוליעט צו זיין זייט,
פיהל זיין קאַלטען לייב אין מיינע גלידער.
און פאריסען הויך מיין קאָפּ צו איהם:
העי, דו גרויסער שטיינערדיגער גבור!
דו האָסט דיין קאָפּ באַהאַלטען
וואו די וואָלקען דעקען איהם צו.

## אין דיינע רייד

אַפּגעשניטען ליגט דאָס היי אין פעלד,
שמעקט דער גרינער קלאָווער אַזוי פריש.
קוק איך אין גאָט'ס וועלט:
רויטעלט זיך די זון אין ווייטען הימעל,
אין גרינעם קאָרן קייקעלט זיך אַ האָז.
זעהט זיך, ווי אַ זילבער, אויף די בוימער,
אין זון אַ שאָטען שפּרייט זיך איבער גראָז.
וועל איך גאָר פאַרמאַכען מיינע אויגען,
ווי אַ קוואַל פון דר'ערד קוואַלען בלינדערהייט,
אין שמעקענדיגען היי דעם קאָפּ באַהאַלטען,
פאַרוויגען זיך אין דיינע שטילע רייד.

## אומזיסטע רייד

אין ווייכען גראָז
שפּילט דער ווינט, גלעטענדיג מיין קאָפּ,
גיסט ווי פון אַ קוואַל אין האַרץ די פרייד.
נאָר מיין באַגלייטערין —
זי רעדט אַ סך,
און פיינט האָב איך אַזוי
אומזיסטע רייד.

## ד י י נ ע ר

איך בין דיינער,
נעם און מאַך מיט מיר וואָס דו ווילסט
אַליין.
שווייגען וועל איך, ווי דער זאַמד ביי דיינע פיס
און ווי דער היילער שטיין
אויף וואָס איך זיץ.

## פ אַ ר נ אַ כ ט

קײטלען זיך די ריעזען פון גראַניט.
שטעהען אין לעצטער זון צוגליהט
די קאַלטע שטײנער.
וואַנדערט איבער זײ מײן בליק,
ווי דאָס אויג פון אָדלער אָנגעצונדען,
ווערען בײסלעכווײז צושוואונדען
מאָס און אָרט,
שליסט זיך דאָ און דאָרט
שטײן און הימעל, אויף צוזאמען;
ווערען אויפגעגאָסען
אַזוי ווי שיפען מיט די ים'ען.

# קליינע לידער

1

אויף די גרינע הויכע בערג
שטיפען מיר זיך אלע:
אינגלאך און מיידלאך
שפילען חתן-כלה.

אויף די גרינע הויכע בערג
איז דאָך אזוי פרעהלאך,
אַ מיידעל איז אַ קעניגין,
אַ אינגעל איז אַ מלך.

2

אויף אַ בוים אַ שעהנער פויגעל
האָט אַ פליגעלע פארשלינגען
און פאַרשאַרפט דעם קליינעם שנאָבעל
און נאכדעם זיך שעהן צוזונגען.
אויף אַ בלעטעלע אַ גרינער
ליגט אַ ווערימעל פארגעסען.
גאָט, באַשיץ דעם קליינעם וואָרים!
ס'ועט דער זינגער איהם אויפעסען.

## פון די בערג

בארג ארויף און בארג אראָפּ,
מיילען־לאַנג און מיילען־ברייט,
זאַמד און שטיינער אויסגעשפּרייט.
אַמאָל ערוואַכט דער קאַלטער שלאַנג,
ציהט זיך, קנוילט זיך איבער שטיין
און ערגעץ, אויף אַ בוים, אַ פֿויגעל זינגט.

וועג איין, וועג אוים. איך געה און געה.
מיר לויפט פאַראוים אַ ווילד געשריי.
דער וועכטער שטעהט און היט זיין היים.
קראַקעט פון אַ דאָרען בוים:
קראַ־קראַ, קראַ־קראַ — אַ פרעמדער געהט,
ער רייסט זיך אין דער לופט און שרייט:
אַ פרעמדער געהט, אַ פרעמדער געהט
שרייט ער אין דער ווייטער ווייט.

**פלוצים זעה! דו בלייבסט פארגאַפט:**
וויסטקייט ווייכט, דער זאַמד צורינט,
דאָס קראַקען פון דער קראָ אין ווייט,
דער קאַלטער שלאַנג און שטיין פאַרשווינדט.
זעהסט פון ווייטען וועג צושפרייט
דעם טאָל אין גרין, די סטאַדע זאַט.
הערסט דאָס זשיפּען פון אַ קוואַל,
דאָס שטילען חיעס פון אַ בלאַט,
דער אַקער צייכענט אויפ׳ן ערד
און רייסט זיך פון אַ שטילען בייט.
די בערג זיי צינדען זיך אין לופט
און הויך די זון אין הימעל שטעהט.
און אין דער ווייט, אין זון פאַרגאַסען,
קוקט אַרוים אַ קליינע הויז,
און דאָס גרינע היי און קאָרן
קריכט פון פרישער ערד אַרויס.

זאָלען מענשען זוכען גליקען,
ווער אַ פרייד און ווער — אַ ציעל;
זאָל זיך יעדערער געפינען
ווי און וואו און וואָס ער וויל —
לייכטע זיינען מיינע טריט.
דער טאָל פארשווינדט אהינטער מיר.
פאַר די אויגען שפרייטען זיך ווידער
גרויע שטיינער, זאַמד און טשוויר.
אין ווייטען קייטלען זיך די בערג
פון גרויע שטיינער, זאַמד און מאָך.
העכער און אַהינטער זיי
שטייגען מעהרער, נאָך און נאָך.
אויף די שפיצען פון די בערגער
זיצט די וויסטעניש אליין:
וויינט און קלאָגט דאָס קראַנקע לעבען
קריכענדיג פון אונטער'ן שטיין.

וועג איין וועג אוים. איך גיי און גיי.
דער טאָג איז רייך, דער הימעל — ריין.
דאָס האַרץ, עס שלאָגט אין ברוסט מיט פרייד.
די פיס, זיי הויבן זיך אַליין.
דער קליאָן־בוים שפרייט זיך אין דער ברייט,
דער סכאַך אין גלייכקייט שטרעקט,
די וויינענדיגע ווערבע שלאָפט
און טיף אין האַרצן רעגט.
אָה, זיי געגריסט, מיין שטילער ווינקעל,
ביזט מיין איינציג פרייד פאַרבליבן ;
האָב זיך אין דיין זאמד געגראָבן,
דיינע שטיינער אויך געקליבן —
אָה, איהר שטיינער, שטומע שטיינער !
שטיל ליגט איהר דאָ און באַשיידען.
שטיינער טראָג איך אויך אין האַרצן —
קאָן איך פון מיין צער ניט ריידען.
ווייט פאַרשווינדט יענער טאָל,
יענער טאָל פאַר מיר אין גאַנג,
וואו געקלונגען האָט אַמאָל,
פון ליפּען חן'עוודיג און זים,
דאָס געזאַנג.
און די שטאָלצע טריט פון איהרע פיס
וואָס איך הער שוין ניט פון לאַנג.

ווידער שווינדען מיינע טריט,
באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ.
איבער׳ן קאָפּ די זון זי גליהט.
אַ קליינע שטוב — איך שטעל זיך אָפּ.
איך קאָן דאָס קליינע, אָרים שטיבעל
ווי דאָס הוילע פעלד אָרום.
פון דער הייסער זון צואוואַרימט
אַלעס ליגט פאַרגאַפּט און שטום,
ניט באוואוסט צו גאָט און מענשען,
ערגעץ אין דער ווייטער ווייט;
און דאָס גאַנצע שווערע לעבען
דאָ פאַרגעהט אין איינזאַמקייט.
כ׳זעה אין ווייטען פעלד, ווי ביהנען,
מענשען רויען זיך אין מיה,
איינגעבויגען קאָפּ און רוקען
פּויזען, קריכע אויף די קניה.
כ׳זעה פון פערד די שווערע טריט
און פון מענש, וואָס געהט איהם נאָך
אויף דער הייסער זון פאַרמאַטערט,
שלעפּענדיג דעם שווערען יאָך.
ס׳איז דער פלוג פון ויסטע פעלדער,
וואָס עס עסט זיך אין די ביינער,
און די שווערע מיה און פּראַצע
וואָס פאַרהאַרטעוועט ווי שטיינער —

ס׳וועט דאָס איינזאַם, שווערע לעבען
שטענדיג אַזאַ וואונדער ווייזען,
ווי ביים שמיד דער שווערער האַמער,
וואָס עס האַמערט איבער אייזען.
זעהסט די טרוקענקייט פון לעבען
אין די מענשען! און סימנים
פון די רויע ווינטען
ליגט זיי אויפ׳ן פנים!
טאָג נאָך טאָג אין שווערע פּראַצע,
לאַנגע נעכט אָהן פרייד, אָהן האָפען —
דאָך די אויגען אמת קוקען
און די ברייטע הערצער אָפען.
איך קום אריין. די שעהנע סטעלאַ,
ווי אַ קעצעל פון דער וואַנט,
טוט אַ שפּרונג מיט הענט צושפּרייטע,
דריקט מיט פריינדליכקייט מיין האַנט.
שיינען איהרע בלויע אויגען,
און די צייהנער — ווי זי לאַכט!
אַנדערש ניט: אַ גוטער מלאך
האָט מיך דאַ צו איהר געבראכט.
רויטלען זיך אויף איהר די באַקען
ווי צוצונדען און באַרוישט,
און זי טראָגט זיך ווי אַ הירשין
דורכ׳ן טיר, ארוים אין דרויסען.

הינטער שייער איז דער פאָטער,
און די מוטער איז אין גאָרטען.
שרייט זי אוים צו זיי מיין קומען,
רופט זיי אינ׳ם שטוב פון דאָרטען.
כ׳זעה דעם אַלטען דורכ׳ן פענסטער
ווי ער איילט זיך אין דער גיך:
וויגט זיך אין דעם גאַנג, דעם שווערען,
כליאמעט אין די גרויסע שיך.
כ׳זעה די מידקייט אין באוועגונג
און די שווערקייט אין די טריט,
קרום די פלייצע אויסגעבויגען
ווי פון סאַכע איינגעמידט.

דער אַלטער האָט זיך ניט געביטען
פאַר די לאַנגע טעג און יאָהרען.
אָפּגעצערטער נאָר דאָס פּנים
און דער קאָפּ איז וויים געוואָרען.
דער אַלטער קלאָגט זיך אויפ'ן ישוב:
„בייזער לעבען, פראַצע שווערע,
שכנים איינציגווייז צולויפען
שטעהען גאָר די פעלדער לערע...
פון דער קראָ ניט אויסצוהאַלטען:
רויבט אַוועק די זריעה-קאָרען.
בלייבט אומזיסט דער פעלד צוגראָבען,
געהט די גאַנצע מיה פאַרלאָרען".
און ער קוקט מיט נאַסע אויגען,
קוקט מיך לאַנגזאַם און באַטראַכט;
לעגט ארויף אַ האַנט, אַ שווערע
אויף מיין אַקסעל אָנגעשפּאַרט.
וואָס-זשע ווייסטו, אַלטער, קלעהר איך,
האָסטו מיך דען ניט דערקאָנט?
אָדער זעהענדיג זיין חבר,
האָסטו זיך אָן זוהן דערמאָנט?
און פאַרקלעמט האָט דיר דיין הארץ,
שטיל פאַרבענקט זיך אין זיין צער?
און דו ציטערסט פון זיין רעגען
און דיר ווייגט זיך דאָס דערפאַר?

אָדער זעהסטו איצט דיין לעבען —
זעהסט ווי שלעכט און ניט געראָטען
און דו פיהלסט דעם וועג פארשווינדען
וואָס דו האָסט זיך אויסגעטראָטען?
צי אפשר זעהסטו מיט די אויגען
יענעם סוף, און האָסט פארטראכט,
און דערפאַר די האַנט די שווערע
אויף מיין אַקסעל אָנגעשפּאַרט?

## נו, דערצעהל מיר

נו, דערצעהל מיר, אַלטער ניוטאָן:
כ'ליב דאָך מעשיות און לעגענדען.
וואונדער זיינען דיינע מעשיות
ווי דער גורט אויף סטעלאַ'ס לענדען.
איינגעוועבט און איינגעשפונען
ווי אַ שלאַנגען־הויט:
ווייס און געל און בלוי און רויט
און מיט קווייטען אויסגענעהט.
פון דיין מויל איז זיס צו הערען
דיינע מעשיות — שעהן און וואונדער —
פון די בלייכע, ווילדע קינדער,
שטארק און מעכטיג ווי די בערען,
וואָס פלעגען דאָ נאָך הוילע שפּאַנען,
ווי די סאָסנעס אויסגעצויגען,
מיט'ן פייל און מיט'ן בויגען —
ווי די הירשען פלינק.

נו, דערצעהל מיר, אלטער ניוטאָן:
ווער האָט איהר די זייד געקויפט?
און די שעהנע פרענז פון זילבער
אזוי קונציג אויסגעשליפט?
האָט זי אין די לערע שטונדען
מיט די הענט דאָס אויפגעמאַכט?
וויפיל טעג און וויפיל וואָכען
האָט זי ביי דעריין פארבראכט?
שעהן זיינען די בערג, די הויכע,
און דיין סטעלאַ — ווי זי שטעהט!
קריכט זי אויף די בערג, אין ווייטען,
דאַכט זיך אוים די זון פארגעהט
קומט זי פון דער הויך ארונטער,
ווילט זיך פאַלען אויף די קניה. —
מיט דעם זעלבען ריהר און גרינגקייט
שוועבען פויגעל אין דער לופט.
שטיל און איינזאַם איז די סטעלאַ,
געהט זי שווייגענדיג ארום;
קוקט ארוים איהר קאָפּ אין דרויסען,
ווי אין פעלד דער קאָרן-בלום,
באָדען זיך די זונען-שטראַהלען
אין די ווייכע האָר פון קאָפּ,
ווען זי שליסט צו איהרע אויגען
פאַלט דאַן שטיל די נאַכט אראָפּ.

## פעלדער

שטעהען שטילע, פולע פעלדער,
אַלעס רוהט אין שטילער נאַכט,
נאָר דער זייגער אויפ׳ן טורעם
רעגט זיך אומעטיג און וואַכט.

קליינע וואָלקען אין דעם הימעל
יאָגען אום ווי גרויע שאָף,
שטויסען, פלעכטען זיך צוזאַמען
גלייך ווי קינדערלאַך אין שלאָף.

תויך, דאָרט אויבען, די לבנה
שוועבט אַרום אין בלייכען גליק,
וואו ניט וואו, מיט קליינע אויגען
וואַרפט אַ שטערענדעל אַ בליק.

אויבען שוועבען גרויע וואָלקען,
אונטען רוהט די שטילע ערד.
אויף אַ ברייטע, גרינע לאָנקע
נאַכטען, פיטערען זיך פערד.

פרעהליך ברענט דאָרטען אַ פייער
און עס הילכט אַ לוסטיג ליד,
און וואַניושקאַ געהט אַ טענצעל,
בייט די פיסלאך, ווערט ניט מיד.

זוכט נאַטאַלקאַ'ן צו געפעלען,
כאַפּט איהר גראָב ארום ביים לייב:
„איך האָב אָקסען, איך האָב בהמות —
קום זיי, טייערע, מיין ווייב."

און נאַטאַלקאַ איז צופרידען.
ערגעץ ציהט אַ בלויער רויך,
אונטען פליעסטשעט זיך אַ טייכעל,
גיסט זיך זאַנפט און מילד און ווייך;

כאַפּט די אויגען פון׳ם הימעל,
ציהט זיי טיף צו זיך אין גרונט.
מיט אַ שטאַרקען, ווילדען בילען
שפּאַלט די לופט, אַ בייזער הונד.

ערגעץ נעמט זיך אין דער לופטען
יאָגען, ציהען שטיל אַ קלאַנג,
זומער־פליגען, זשוק און זשאַבע
קאָנצערטירען נאַכט־געזאַנג.

פויל, פאַשלאָפען געהט פאַמעלאַך
אַ פאַרשפּעטיגט פוהר אהיים.
פון דער וויטען, ווי פאַרוואונדערט,
קוקט צום וועג אַ גרויער שטיין.

האַלב אין ווייסען אָנגעצויגען,
צוגעשלאָגען צו אַ האָלץ,
הענגט אַ קליינער גאָט, פאַרלאָזען —
צוגעשלאָגען צו אַ האָלץ.

און דער געלער וועג צואוויגט זיך,
ציהט זיך, שלענגעלט זיך אין ווייט,
ריכט אריבער בערג און טאָלען
און פאַרשווינדט אין טונקעלהייט.

## רענסעליר, ניו יאָרק

די בערגער דיינע זענען פול מיט שטיינער
און די פעלדער מיט אַ געלען טשוויר.
פלאַנטערט זיך דער קראָפּ אויף דיינע פעלדער
און די שישקע רויטעלט זיך אויף דיר.
און מיילענווייטע ברייטקייטען פאַרלאָזען,
אַוואו פאַרוואָרפען שטעהט אַ הויז אליין
און דער טראָט פון הירשען אויף די וועגען
זעהט מען פריי אויף דיינע פעלדער געהן.
איך האָב די ווילדע שטיינער פון דיין פעלד געקליבען
און מיין שוויים פאַרגאָסען האָב איך אויף דיין ערד.
איך בין אַ פרעמדער דאָ געקומען —
אַ פרעמדער דאָ פאַרבליבען.
איך האָב בלויז דיין ערד צוגראָבען,
די שטיינער אויפגעקליבען.

# זאָל קומען וואָס עס וויל

זאָל קומען וואָס עס וויל —
גרעסער קאָן שוין מעהר מיין בראָך ניט זיין.
ס'איז מיין האַרץ שוין פול מיט שניידענדיגען פיין.
נאָך אַ טראָפּען גיפט, נאָך אַ טראָפּען גאַל —
ס'קאָן שוין ניט אריין.
וועל איך מיך דערהויבען העכער פון מיין צער,
פאַר אַלע טויטע בעטען — ווער זיי זאָלען ניט זיין,
שווייגענדיג נאַר בעטען, מיט הענט
צוּשפּרייטע —
פאַר אַלע טויטע.

# די ליפּען מיינע זענען שטום

די ליפּען מיינע זענען שטום.
אין יעדען אָרט, וואו נאָר איך קום,
בלייב איך שטום און אָפּגענאַרט.
כ'טראָג זיך אום פון אָרט צו אָרט
מיט אומבאוואוסטע טריט.
און ווי דער ווינט
זיי איך שטויב אַהינטער זיך.
צי טרייבסט מיך ווער,
צי לויף איך ווען נאָך,
צי זוכען מיינע מידע פיס אַן אָרט
און ס'וואַרטען מיינע ליפּען אויפ'ן וואָרט.
וואָס האַלט זיך ערשט אין שאַפען
אין מיין בלוט?

## איך בין געקומען

איך בין געקומען
אייך שענקען מיינע רייד,
מיין טליענדיגע פרייד און בענקען,
ווי דער פויגעל שענקט זיין קול
דעם בארג, דעם טאָל
און אויך דעם ענגען שטייג אמאָל.

# סיניאָראַ

סיניאָראַ, דיין קאָפּ איז גרוי,
די אויגען דיינע דערציילען פון געמיט.
ווען איך קוק אויף דיינע האָר.
אויף דיינע האַרטע טריט,
וואָס ווייכען זיך ניט מער,
ווערט דאָס האַרץ מיר שווער.
אַך, סיניאָראַ,
וואו איז פארשוואונדען יענער רייץ,
וואָס פלעגט פּאָרוים זיך רייסען אין דיין גאַנג?
איצט קוקענדיג אויף דיר,
האָט מיר דערמאָנט אָן אַלטע טעג,
האָט פּלוצלונג אויפגעוואַכט אין האַרץ אַ שטראַהל,
ווי אין אַ הערבסט-טאָג, טוט אַמאָל אַ פאל,
דורך וואָלקען פינסטערע, אַ שיין אין וועג.

נאָר קאַלט איז שוין אַזוי די פרייד, וואָס מיר
דערמאָנט,
ווייט און פרעמד,
היינט זיינען דיינע האָר שוין ווייס, סיניאָרא,
און דיינע טריט,
איך ווייס שוין ניט
צי וואָלט איך זיי דערקאָנט.

# איך ווייס ניט...

איך ווייס ניט וואָס וועט זיין.
אפשר וועט אַ שטורם קומען
קנאַלען וועט אַ דונער
און אַ בליץ וועט פאַלען
און מיט'ן שטורם
וועט זיך ווילד מיין האַרץ צוקלאַגען:
הו - - הו - - הו - - - ה - - ו - - או - או!
צי אפשר וועט מיין שרעק צוטריבען ווערען
ווי אַמאָל אין הימעל ווערט צוטריבען
שווערע וואָלקען פון אַ ווינט;
און שטיל וועט אויך מיין האַרץ פאַרבלייבען,
אויסגעלייטערט פון איהר צער.

## אַ בעטלער

איך האָב אַמאָל אַ וואַנדערער געזעהן
אַן אַלטען הויקערדיגען בעטלער.
ער איז אין ווייטען וועג געגאַנגען
אויף זיין קוליע אָנגעהאַנגען
מיעד און שווער.
אין ווייטען איז די זון פאַרגאַנגען
קריכענדיג אַזוי ווי ער.

# איך דאַרף ניט קיין מלאכים

איך דארף ניט קיין מלאכים
זאָלען מיך באגלייטען.
איך זעה פאַר זיך דאָס שיין
ווי ס'פאַלט מיר אויפ'ן וועג.
און געלייטערט קומען אַלע מיינע טעג
ארויס פון פיין.
איך וויל אויך מיינע טריט פון קיינעם ניט
פארבאָרגען.
צי האָט דער טרוים אַ שלאָס,
די ליידענשאפט — אַ צאָם?
זיי שטראָמען אַלע פון די טיפסטע ערטער,
און ברענגען אַלע גלייך צום טיפען ים.

## אין ליידיגע שטונדען

איך הויב אויף פון שויב די פאָרהאַנג,
זאָל אריין אַ ביסעל שיין.
ס'קוקט מיין שכן'ס יונגע ווייבעל
אין מיין פענסטעריל זיך איין.

שווארצע קלייד און ראָזע שטרייפען,
ווי זיי קליידען צו אַ ווייב,
ווייסער טיול אויף פולע אָרעמס,
פריש און רייצענדיג דאָס לייב.

האַסטיג נעהמט דאָס הארץ מיינס שלאָגען —
ס'קוקט מיין אויג מיט וועה און באַנג,
און פאר'גנב'עט אין מיין זינען
טראָגט זיך דורך אַ בייז געדאַנק.

# איך

און איך, מיין גאָט, וואָס טו איך ניט פאַר דיר?
גרייט בין איך זיך שלאָגען מיט אַ וועלט.
דיין מינדסטער קעהר, דיין ריהר, דיין בליק,
דיין שאָרך פון קלייד פאַר׳שכור׳ט מיך.
און קאַרג איז דיר אין געלט,
און נישטיג מיינע לייד —
אַלעס וואָס דו ווילסט
איז פרייד, פרייד און פרייד.
און איך אַ בעטלער ביי דיין טיר.
נאָך איידער איך קום אין הויז צו דיר
ווער איך קליין און איינגעבויגען.
אונטער דיינע קאַלטע אויגען
ווערט דער מענש אין מיר פארשוואונדען.

לויפען ווילט זיך מיר פון דיר,
ווייט אוועק פון דיינע אויגען
קריכענדיג אויף אַלע פיער;
זיך ערגעץ אין אַ לאָך פארטאָיען
און וואָיען, וואָיען, וואָיען.
נאָר צוגעבונדען האָסטו מיך,
מיך, דעם בייזען טיגער, מיט ברענענדיגע אויגען,
מיט אַ ווילדקייט נאָך פון אבות אין מיין בלוט.
האָט איינגעצוימט דיין ביימש
די קנוט פון ליידענשאַפט,
פארדרעהט אַ קייט אַרום מיין האַלז.
טאַנץ איך ווילד צו דיין געזאַנג
אונטער ביימש- און קייטען-קלאַנג.
אויגען בליצען, צייהנער קריצען
און איך וואַרף זיך ווי אַ שלאַנג.

# פון הויז

ער האָט געקוקט מיט אויגען שטעכעדיגע,
עקשן׳דיג געקוקט!
געטראַכט פון וואָס
ניט וויסענדיג אַליין
און אפשר — ניין:
אין גרויס פאַרדרוס
פון קיין זאַך ניט געטראַכט.
סתם געבליבען שטעהן
מיט אויסגעקרימטע ליפּען.
באַלד ווי אויפגעוואַכט מיט שרעק,
צונויפגעדריקטע פויסטען לויפענדיג פּאַראויס
האָט ער אַ זעץ געטון די טיר אַהינטער זיך —
און איז אַוועק.

און זי, אַ קליינינקע,
אַ נאַקעטע,
די האָר צושאָטען אויפ׳ן העמד,
האָט, פאַרברעכענדיג די הענד,
מיט די אַקסלען שטיל געצוקט,
און וויינענדיג געקוקט
מיט אויגען פול פאַרצווייפלונג
און פול שולד.

— — — — — — — — — — — — — —

און באַלד נאָך דעם, מיט קאַצישען געדולד,
צורעכט געמאַכט איהר טואַלעט...

## נאַכט און רעגען

נאַכט און רעגען.
איבער גאַסען, איבער הייזער,
הוליעט אום אַ ווינט :
הו — דא — הו.
און ערגעץ וואו
צוקלאָגט האָט זיך אַ הונט
אויפ'ן גאַס און אויפ'ן רעגען.
און אין שטוב, דאָ מיר אנטקעגען,
ליגט אַ קעצעל אויפגעקנוילט
און האַלב פארשלאָפען ;
האַלט די גרויע אויגען
האַלב פארמאַכט און אָפען.

זיץ איך אויך: די אויגען אָפען,
האַלב ערוואַכט און האַלב פאַרשלאָפען —
ווי דאָס קעצעל אויפגעקנוילט.
שטומט מיין שטומער צער,
פון שטומקייט איינגעשטומט.
קראַמפט מיין שטילער וועה
און רעדט דורך מיין בלוט.
און ווי אַ הונט פון קייט
רייסט אין מיר מיין האַרץ —
באַלד, נאָך איין מינוט,
און איך צוקלאָג זיך,
ווי אַ הונט אין גאַס.

# אין ווײַן שײַנס

העי, די שווארצער, מיט'ן פּאַק אין האַנד,
וואָס שטעהסטו דאָרט ביים וואַנד
אַזוי פאַרזאָרגט ?
— קום אַהער ! —
קעהר אריין אַ גלעזעל וויין !
ס'וועט דיין הארץ דיר לייכטער ווערען
און די משא גרינגער זיין.
איינזאַם איז אַליין צו זיצען ביי דעם וויין —
פרעהלאך פלאַפּעלט זיך צוזאַמען
ווער דער חבר זאָל ניט זיין.
איינע האָט מיר אַנגעטרונקען
אַזוי שטורמדיג און לאַנג ;

האָט אַ צווייטע איהר פאַרביטען —
נאָך אַ גיפטיגערע שלאַנג...
איז אין האַרץ נור גאַל פאַרבליבען
און די פאַלשקייט פון אַ קאַץ...
העי דו שרעקעדיגע מויז!
קריך פון לאָך אַרויס
און קום צו מיר,
אַ פולער טיש
מיט וויין און ביר
און וואָס דו ווילסט נאָר
גיב איך דיר.
העי, קעלנער!
וואָס דו האָסט דערלאַנג אהער!
ס'איז צו מיר אַ פריינד געקומען...

## איך רייד...

איך רייד פאַר דיר פון האַרץ אַרויס,
דו קוקסט מיר אָן
מיט אויגען פון אַ פריינד
זאָגסט:
ס'דאַרף ניט זיין אַזוי...
בלייב איך זיצען אין דער שטיל
און טראַכט, —
און טראַכטענדיג
ווערט שטיל מיין בליק פאַרצווייגען
און עס ציטערט אויף אַ טרער
אויף מיינע ברעמען.
זעהסט מיין פּנים קרימט זיך אויס,
דו דרעהסט דיין קאָפּ אַוועק
און איך פאַרקלעם די ציין
און פלוצלונג דערלאַנג איך מיך אַ הויב פון אָרט
און שפּאַן אַוועק אין שטוב מיט שנעלע טריט,
דיר לאָזענדיג אַליין.
און לאַנג נאָך דעם ווען דו ביסט שוין געשלאָפען
האָבען מיינע טריט זיך נאָך געהערט.

## מיין וועלט

עס איז מיין וועלט פון שטיינער אויפגעשטעלט.
זעה איך גאָר אַ גרויסער וועלט
פון גרויסע שטיינער אויפגעשטעלט.
אויף יעדער זאַך,
אויף וואָס מיין אויג נאָר פאַלט:
הענט און פיס און מענשען־קעפּ
רעדט צו מיר אין שפּראַך פון שטיין.
דאַכט מיר צייטענווייז אליין:
איך בין אַ זאַך, אַ ווילדע זאַך,
אויסגעהאַקט פון רויען שטיין.

## שטאָדט

אויף דיינע טומעלדיגע גאַסען
ווערט מיין האַרץ און בלוט צוצונדען,
און מיט דעם קלאַנג פון דיינע באַהנען אויף די דעכער
הויבט זיך העכער, העכער פונ׳ם האַרצען מיין געזאַנג.
פון דעם ווילדען מעטאַל־קלאַנג
און דאָס געדראַנג פון מענשען ארום מיר —
שטייג מיין מערענאַדע אין דער הויך.
ווער אין זיידענעם אָנגעצויגען
טראָגט זיך שטאָלץ פארביי די אויגען;
ווער אין שמאַטעס איינגעבויגען
בעטעלט שטיל אַ שטיקעל ברויט.
מענשען טומלען, מענשען לויפען,
האַוועו, קויפען און פארקויפען,
באַקען שמינקען, אויגען ווינקען —
ווער פאַר זינד און ווער — פאַר נויט.

## זיין שאָטען

אויפ׳ן בוזים מאַכטלאָז ליגט זיין קאָפּ,
מיט בלויע אָדערען פארצויגען
הענגען זיינע הענט פון באַנק אראָפּ.
און אויפ׳ן דיל,
ביי זיינע פיס,
גרוי און שטיל
קאָרטשעט זיך דאָרט ווער
און ווערט אַלץ קלענער קלענער...

## אין גאַס

שטעכיק איז זיין באָרד.
אין בלויע אָדערן
אַ רויטע נאָז.
דאָס פּנים בלייך און איינגעצויגען.
ווי אַ הונט מיט זוכענדיגע אויגען
קוקט ער זיך אַרום,
בייסענדיג אין עפּעל מיט די ציין.

# ניו יאָרק אין אַ רעגען-נאַכט

עס ווייקען זיך די זעק פּאַפּירען
אויסגעהאַנגען ביי די גאַנקעס,
קאַפּעט פון זיי, טראָפּענס רעגען
פאַלען ביי די טירען.
און קליינע שטיקלאַך
ניט קיין אויסגעברענטע קוילען
האָבען זיך אין רעגען אויסגעוואַשען
און קוקען פון דער גרוי
געדיכטער מאַסע
מיט אַ שוואַרצען גלאַנץ אַרויס פון מיסט-קאַן.
אַ קאַץ, מיט פלאַמענדיגע אויגען,
שמעקט אַרום אַ צוגעדעקטען קענדעל
און פּרובט דאָס דעקעל מיט'ן קאָפּ אַרונטערשאַרען.

די הויכע הייזער שטעהען ווי געפאנגען,
אין די ענגע גאַסען,
קוקענדיג מיט שפּאָט.
שטיין און ציגעל אויפגעגאָסען,
איינגעקלעפּט און איינגעשלאָסען
ווענט און דעכער, טרעפּ און גרונטען,
אין אַ בלאָק זיך אויפגעבונדען.

ביים שוועל פון אַ קאָרידאָר
דער פּאָליסמאַן פון גאַס
שטעהט און קוקט ביים טיר
אויף מיר, אויף דיר,
און נאָך אַזעלכע אַנדערע ווי מיר,
וואָס איילען דורכ'ן גאַס ביינאַכט.
און, טולענדיג, האָט ער זיך אָנגעשפּארט,
אַ פוס פאַרבויגען אין דער קרום
און שטעהט
אין רעגען־מאַנטעל ביי דער וואַנט;
שפּילט זיך מיט אַ שטעקען
אויף אַ רימען אַרום האַנד.
און דאָ — און דאָרט — אַ דורכגעהער
פאַרשפּעטיגט,

אַנגעשטעלט דעם קאָלנער
איילט זיך צו זיין היים.
עס שווינדען זיינע טריט,
און פֿאַלען טויב אַהינטער איהם.

אַ בלאַסער שיין פֿון אַן עלעקטרישען
לעמפּעל ציטערט אויפ'ן גאַס,
און שיט קאָלירען
רעגען־בויגען
פֿאַר די אויגען,
אַרום דעם גלאָב,
אין רינגען אַלערליי.
און רעגט זיך אין זיין ציטערדיגען גלאַנץ,
און ציטערט רעגענדיג אין טאַנץ.
לעשט זיך אויס, און צינדט זיך אָן,
לעשט זיך אויס, און צינדט זיך אָן.

די טראָלע־רעלצען שיינען פֿון דער ווייטען
און שפּיגלען מיט אַ נאַסען גלאַנץ פֿון שטאָהל.
ראַשיג טראָגט זיך דורך אַ קאַר מיט בראַזשגעריי
און שטעלט זיך אָפּ, ווי אָפּגעהאַקט,
גרילצענדיג ביים ראָג.
שפּייט אַרויס אַ פּאַסאַזשיר,
און טראָגט זיך שנעל אַוועק

שפריצענדיג מיט געלע פונקען
אין דער הויך.

אַ שיף־סיגנאַל פון ערגעץ ווייט,
רייסט זיך מיט אַ שאַרפקייט איבער שטאָדט,
וואַרפט אַ מורא אויפ׳ן גאַס,
און רעוועט לאַנג און ווילד אין נאַכט — — —

# אין אָווענד

איינזאַם זיצט די אַלטע באָבע,
אויפגעלעגט די דאַרע הענד.
אין דעם קליינעם ווייסען צימער
רוהט איהר שאָטען אויף די ווענד.

וויגט זיך אום אַ קאָפּ אַ גרויער,
און אַ פּנים פול מיט לייד,
און צוויי בלאַסע, שטומע ליפּען —
אויסגערעדט פון לאַנג די רייד.

ברענט אַ לעמפּעל מיד און דונקעל,
גיסט זיך מאַט און געל זיין שיין,
זיצט אליין די אַלטע באָבע,
וויגט און וויגט זיך, דרעמעלט איין.

פאַלט אַראָפּ דער קאָפּ, דער מידער;
קומט אַ שמייכעל, קומט אַ שרעק,
רינגלען בייטען אום איהר פּנים,
קומט אַ טרוים און געהט אוועק.

ערגעץ פלאָנטערט זיך אַ פליגעל
אין דעם נעץ פון שפּין, און זשומט.
אין דעם קליינעם ווייסען צימער
שטאַרבט אַ קרעכץ, אַ זיפץ פארשטומט.

קומט עס פון אַ שווערען האַרצען,
פון אַ טיפען לייד און שמערץ, —
אָדער פון אַ בייזען חלום
שלייכט ארויס אַ שטילער קרעכץ?

פּלוצים גענעצט אָפּ די באָבע,
מורמעלט עטוואָס פון פארדרוס,
בלייבט פארשטאַרט אַ ווײַלע קוקען,
וויים ניט ווער, און וויים ניט וואָס.

עפענט זיך אַ ברעם אַ מידע,
טוט אַ פוילע אויג אַ קוק;
באַלד פארשליסט די ברעם איהר ווידער,
ווען נאָר גיט אַ ליפּ אַ צוק.

איינזאָם זיצט די אַלטע באָבע,
אויפגעלעגט די דאַרע הענד.
וויגט זיך, וויגט זיך אום איהר שאָטען
אויף די הוילע ווייסע וועגד.

## דער יורד

דערמאָנט זיך דער אַלטער:
פּאַרצייטען געווען
אַ חשוב ביי לייטען,
אין שטאָדט אָנגעזעהען;

אַן אייגענע הייזעל,
אַ קראָם און אַ שיינק,
קינדער געראָטענע,
געלט אין די ביינק...

און זיינען די קינדער,
אָה, ליבענקער גאָט,
צואוואַקסען, צושפּרייט זיך
אַוואו נאָר אַ שטאָדט.

גלייך האָט זיך דער דלות
אַ נעסט דאָ געמאַכט...
ווער וואָלט עס געגלויבט גאָר,
ווער וואָלט עס געטראַכט?

## פאַרשידען

פאַר דעם ספר ברענט אַ לעמפּעל
און אין הויז איז טונקעל, שטיל ;
נאָר עס וויל דער ווינד איהם לעשען,
טרייבט מיט איהם אַ טייפעל־שפּיל.
און דער זיידע זיצט און לערענט,
אַלטע ליבע — ניט קיין שפּאַס...
און ער גריבעלט זיך אין ספר,
מישט די בלעטער אוים פון ש״ס.
מישט די בלעטער אום און חלומ׳ט,
טרוימט פון אַלטען, אַלטען גליק ;
שלעפּט און גראָבט אוים פון די קברים
די פאַרגאַנגענהייט צוריק.

אַלטע צייטען, אַלטער שימעל,
אַלטער לעמפּעל, שווארץ און מאַט ;
אַלטע רינקלען אויפ'ן פּנים,
אַלטע קנייטשען אין דעם בלאַט.
איך צוטייל זיך מיט דיר, זיידע —
דורות בלייבען דאָך ניט שטעהן !
איך באגרייף דיין שמערץ און פרייד,
נאָר איך קאָן מיט דיר ניט געהן :
ס.רופט מיך אַנדערשוואו דאַס לעבען,
ס'ווינקען וועגען אָהן אַ צאָהל.
נייע פראַגען, נייע זיטען,
גאָר פאַרשיידען פון אַמאָל.
מיך שטעלט דיין ספר ניט צופרידען, —
יענע יאָהרען זיינ'ן פאַרביי —
וואָס פאַרגאַנגען איז געשטאָרבען,
דאָס, וואָס אַלט איז, ווערט ניט ניי.
אַלטער שימעל, אַלטע דורות
קאָנען נייע ניט פאַרשטעהן ;
צייטען פליהען, צייטען בייטען —
דורות אַלטע מוזען געהן !

אָ, איך ליב דעם אַלטען זיידען,
פון אַ פּשט׳ל ווי ער קוועלט!
אויך די ערנסטקייט פון פּנים
ווען די משנה איז פארשטעלט.
כ׳ליב די בליקען פון די אויגען
און דאָס פּנים, בלאַס און טריב:
טיפען ערנסט און פארטראכטקייט
וועל איך אימער האָבען ליב.

איך צוטייל זיך מיט דיר, זיידע —
דורות בלייבען דאָך ניט שטעהן —
דאָך, איך ליב דיך, אַלטער זיידע,
און דיין ספר איז מיר שעהן.

## צו מיין טרער

קליינינקע טראָפּעלע,
טרערעלע הייסינקע,
הערצענס געליבטע מיין,
רין אויף מיין באַק.

גים פון די אויגען מיר,
יאָג אין דעם מויל אַריין,
איך וועל פאַרשלינגען דיר,
אַך, ווי געשמאַק!

ביסט אַזוי טייער מיר,
טרערעלע נאַסינקע,
אימער אַ וואַרימע
קומסט ארויס.

דו זעהסט מיין איינציגע
הארצען באַהאַלטענע,
סודות פארבאָרגענע
זאָגסטו ניט אויס.

## אין ווינטער

אין ווינטער אין אָוונד, איך זיץ מיך ביים אויוועז —
איך זיץ ווי דערשלאָגען און בלאַס,
עס קלאַפּט מיט די לאָדען דער ווינט אָן די פענסטער,
עס יאָגט אַזאַ קאַלטקייט פון גאַס.

עס יאָגט אַזאַ קאַלטקייט אין שטוב דורך די שפּאַלטען;
מיט פראָסט זייג׳ן די פענסטער פארשטעלט,
די שויבען מיט ווייסע גאַרדינען פארהאָנגען —
פאַרצויגען מיט בלומען פון קעלט.

אין שטוב איז אַ חשך, די באָבע, פאַראומערט,
זי זיצט אין אַ ווינקעל און שפינט ;
עס ציהט זיך דער פאָדים, די שפינדעלע דרעהט זיך,
איהר רינט פון די אויגען און רינט.

איהר רינט פון די אויגען, און טרערען, זיי פאַלען,
די שפינדעלע מורמעלט און דרעהט ;
דאָס קלאָגט זיך דער עלענד, דאָס יאָמערט דער טרויער,
דאָס שפינט זיך די אייביגע נויט.

דאָס שפינט זיך אָהן אויפהער דער שנירעל דער לאַנגער
פון וויג ביז'ן קבר אריין ;
דאָס ציהט זיך די פאָדים דורך צעהנדליגער יאָהרען
פון הונגער, פון שמערץ און פון פיין.

אַמאָל האָט די באָבע גאַנץ אַנדערש געשפּונען —
פאַרשיידענע פעדים אָהן צאָהל —
צערימען . . . חלומות . . . פון לאַנג שוין פאַרגעסען . . .
דאָס איז אַלץ געוועזען אַמאָל . . .

און ס'ציהט זיך אָהן אויפהער דער לאַנגזאַמער אָוועגד,
איהר האַרץ איז צואוועהטאָגט און שווער ;
אין חשך פאַרהילטע עס לויפען די שטונדען,
עס בלייבען נאָר שאָטענס — ניט מעהר.

נאַר שאָטענס און יאוש פארנעהמען איהר זינען ;
אַ נעסט מאַכט אין הארצען די ראָב —
אַ פויגעל אַ שווארצער מיט שנאָבעל און נעגעל —
פארגריבעלט און טרעט גאַר ניט אָפּ...

איך קוק אויף דער באָבען, עס ווערגען מיך טרערען ;
אוי, באָבע, ווי לאַנג איז דער שיער ?
ווי לאַנג וועסטו זיצען, דעם פאָדים אַלץ קניפּלען ?
וואָס שפּינסטו, וואָס שפּינסטו פאַר דיר ?

און ס׳דוכט מיר : ס׳טראָגט זיך פארביי מיר אַ לעבען,
אַ לעבען פון שמערץ און פון פּיין ;
אַ לעבען צוטראָטען, אויף שטיקלעך צוריסען —
פון וויג ביז׳ן קבר אריין.

אין שטוב איז אַ חשך, די באָבע, פאַראומערט,
איהר רינט פון די אויגען און רינט ;
עס ציהט זיך דער פאָדים, עס דרעהט זיך דאָס שפּינדעל —
עס דרעהט זיך, און וועבט און עס שפּינט.

דאָס שפּינט זיך אַ לעבען, אַ לעבען פון שטיקלאַך,
פארקניפּעלט אַ יאָהר מיט אַ יאָהר ;
און ס׳דרעהט זיך, ס׳ציהט זיך אַ שנירעל פון קניפּלאַך —
געבונדען מיט שניי-ווייסע האָר.